ד. נ. מאמין-סיביריאק.

# חנה'לעם מעשה'לאך

אידיש פון ד. רויכלי.









קאאפעראטיווע געזעלשאפט „אידישער פאלקספארלאג"
קיעוו—פעטערבורג
תר"עט.

№ 3.

ד. נ. מאַמין-סיבּיריאַק.

# חנהלעס מעשהלאך

אידיש פון ד. רויכל.

---

קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט „אידישער פאָלקספאַרלאַג"
קיעוו—פּעטערבּורג
תר"עס.

I.

פײַקעלע, פײַקעלע, פויק-פויק-פויק!

טראָמבעלע-טראָמבעלע, — טרו-טרו-טרו!.. ברענגט אַהער כלי-זמר!
היינט איז יעקעלעס געבוירן-טאָג!.. שלום-עליכם אײַך, ליבע געסט:
עי, אַיע אַהער! טראַ-טאַ-טאַ-טרו-טרו-רו!

יעקעלע שפּאַצירט זיך אַרום אין זיין יום-טוב׳דיגן בגד און מאַכט אַזוי:
— טײַערינקע, שטאַרק אָנגעלעגט... כבוד וויפיל איר ווילט: זופּ פון
די בעסטע שפּענדלאַך, קאָטלעטן פון בעסטן, רייזנסטן זאַמד, פּירעשקעס
פון קאָלירענדיגע פּאַפּירלאַך: און טיי! פון אמת׳ער געקאָכטער וואַסער.
טוט זיך וואויל... עי, כלי-זמר — אויפגעשפּילט!
– טראַטאַ! טראַ-טאַ-טאַ! טרו-טרו-טרו!

און געסט איז דא אַ פולע שטוב. דאָס ערשטע איז אַ פּאַרסאָפּעטס
געקומען דאָס בײַכיגע דריידל.
– זשזש.. זשזש... וואו איז ער, דער בעל-שמחה? זש... זשזשזש...
איך האָב אַזוי ליב צו פאַרברענגען אויף שמחות.

נאָכדעם זײַנען געקומען צוויי ליאַלקעס. איינע, טײבעלע, מיט
בלאָהע אויגן, מיט אַ צעשלאָגן נעזל; די צווייטע, שיינדעלע, מיט
שוואַרצע אויגן, מיט איין האַנט. זיי זײַנען ביידע אַרײַנגעקומען
שטיל און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פּיצינקע קאַנאַפּעלע.
– אָט וועלן מיר זעהן, ס׳אַראַ גוטע זאַכן יעקעלע האָט פאַר אונז
צוגעגרייט, — מאַכט טײבעלע-עפּעס באַרימט ער זיך מיר צופיל. די
כלי-זמר זײַנען ניט שלעכט, אָבער כבוד, עפּעס גלויב איך ניט שטאַרק...

— דו, טײַבעלע, ביסט עפּעס תּמיד ניט צופרידן,-האָט זיך שײנדעלע אָנגערופן.

— און דו טשעפּעסט זיך שטענדיג צו מיר

די ליאַלקעס האָבן זיך נאָך אַביסל געשפּאַרט און שיער זיך ניט צעקריגט. נאָר דאָ איז אַרײן דער הינקענדיגער פּאַיאַץ און האָט באַלד שלום געמאַכט.

— ס׳וועט אַלץ זײַן רעכט, מײנע ליבע פרײַלינס! ס׳וועט דאָס זײַן פרײליך! איר׳ט זעהן! כ׳הינק אַפילו אַ ביסל צו, נאָר ס׳מאַכט ניט אויס, אָט אונזער ליב דרײדל האָט בלויז אײן פוס און זעהט, ווי דאָס דרײהט זיך. וואָס מאַכסטו, דרײדעלע?...

— זשוש... וואָס זאָל מען מאַכן. אַבי מ׳זעהט זיך. וואָס איז דאָס בײַ דיר אַן אויג אונטערגעשלאָגן.

- נאַרישקײטן... כ׳בין הײַנט אַראָפּגעפּאַלן פון טיש. ס׳מאַכט זיך.

- מ׳זאָל באַהיט ווערן. ס׳טרעפט אַמאָל, מ׳דרעהט זיך און מ׳דרעהט זיך און מיטן גאַנצן פּענט מיטן קאָפּ אין וואַנט!

— ס׳איז נאָך גוט, וואָס דײַן קעפּל איז פּוסט.

- פונדעסטוועגן טוט דאָס וועה... זשוש... פּרוב אָקאָרשט, וועסטו זעהן.

דער פּאַיאַץ האָט בלויז אַ קלאַפּ געטאָן מיט זײַנע מעשענע טאַצן. בכלל איז ער געווען אַ לײַכטזיניגע זאַך.

באַלד איז אויך געקומען יויזעלע מיט זײַן גאַנץ „פּעקל“: זײַן ווײַבל יענטע-חיה, דעם דײַטש, דעם דאָקטאָר קארל, דעם לאַנגנאָזיגן ציגײַנער; און דער ציגײַנער האָט נאָך געבראַכט צושלעפּן זײַן דרײַפיסיג פערדל אויך.

— נו, יעקעלע, נעם אויף די געסט!-האָט יויזעלע פרײליך געזאָגט, שנאָלענדיג זיך אין נאָז. אָ, מײן עולם איז, קײַן עין הרע, אײנס און אײנס, און יענטע-חיה׳לע, האָסט נאָך אַזאַ פײנע בריה ניט געזעהן. זי איז גאָר אַ גרויסער בעלן אויף טײ—און טרינקט אַ מחיה צוקוקן.

— ס'וועט זיין טיי אויך,-האָט יעקעלע געענטפערט.—איך האָב זעהר ליב געסט. זיצט יויזעלע, זיצט, יענטע=חיהלע! דאָקטאָר קאַרל, זעצט, זיך צום טיש.

ס'זיינען נאָך געקומען דער בער מיטן העזעלע, דאָס ווייַסע ציגעלע מיטן גרינעם קאַטשקעלע, הענדל=קרייער מיט דעם גראָוועז וועלוול. אַלע זיינען בייַ יעקעלען שטאַרק אָנגעלעגט געווען. די לעצטע זייַנען געקומען חנה'לעס שיכעלע, און חנה'לעס בעזימל. האָבן זיי זיך אַרומגעזעהן, אַלע ערטער זייַנען שוין פאַרנומען, מאַכט דאָס בעזימל:

— ס'מאַכט ניט אויס, כ'וועל זיך שטעהן אין אַ ווינקעלע.

און דאָס שיכעלע האָט גאָרניט ניט געזאָגט און איז שטילערהייד אַרונטער אונטער דער קאַנאַפּע. דאָס איז געווען זעהר אַ וואויל שיכעלע, אַביסעלע שוין אַן אָפּגעטראָגענס, נאָר ס'מאַכט ניט אויס. עס האָט זיך נאָר געשעמט מיטן לעכעלע פונקט אויפן שפּיץ נאָז. נאָר ס'מאַכט ניט אויס, אונטער דער קאַנאַפּע, ווער זעהט דאָס?

עי, כלי=זמר, כבוד די געסט גאַנץ פייַן אויפגעשפּילט!—קאָמאַנדעוועט יעקעלע.

דאָס פּייַקעלע פּויקט: טראַ=טראַ! טאַ=טאַ! די טראָמבעס ברומען טרו=טו-טרו=רו! און אַלעמען איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק פריילין, גאָר גאָר פריילין...

II.

דער יום=טוב האָט זיך אָנגעהויבן גאָר פיין. דאָס פּייַקעלע פּויקט, די טראָמבעס שפּילן, דאָס דריידל דרעהט זיך, דער פּאַיאַץ קלאַפּט מיט די טאַצן, און יויזעלע קוויטשעט אויף אַ קול. אַך, ס'אַ פרייד דאָס איז געווען!

— לעבעדיג, קינדער, פריילין! — שרייַט יעקעלע און פּאַטשט מיט די הענטלאַך.

טײַבעלע און שײנדעלע לאַכן אויף זײערע דינינקע קול׳כלאַך, בערל טאַנצט מיטן בעזים, דאָס װײסע ציגעלע שפּאַצירט אַרום מיטן גרינעם קאַטשקעלע, דער פּאַיאַץ קוליעט זיך, באַװײזט קונצן און דער דאָקטאָר קאַרל פרעגט יענטע־חיה׳לען:

יענטע־חיה׳לע, טוט דיר ניט װעה דאָס בײַכעלע?

— װאָס רעדט איר, דאָקטאָר קאַרל? באַלײדיגט זיך יענטע־חיה׳לע, פאַרװאָס זאָל דאָס מיר װעה טון?

— אַנו, באַװײַז נאָר דײַן צינגל?




— אַך, לאָזט מיך געמאך...

— אָט בין איך... קלינגט פון ערגעץ דאָס זילבערנע לעפעלע, װאָס חנה׳לע האָט הײַנט דערמיט קאַשע געגעסן.

דאָס לעפּעלע איז זיך ביז איצט געלעגן שטיל אויפן טישל, און קוים האָט עס נאָר דערהערט, אַז מ׳רעדט וועגן אַ צונג, האָט זיך עס שוין ניט געקאנט אײַנהאַלטן און איז אַראָפּגעשפּרונגען. דער דאָקטאָר נעמט דאָס דאָך תּמיד, ווען ער וויל אַ קוק טון חנה׳לעס צינגעלע...

- אַך, וואָס טוט איר... מ׳דאַרף ניט! האָט זיך יענטע־חיה׳לע צעקוויטשעט, און אָנגעהויבן צו מאַכן מיט די הענט, ווי אַ ווינטמיל.

— איז ווי דו ווילסט זיך, יאָ־יאָ־ניין־ניין, האָט זיך דאָס לעפּעלע באַליידיגט. ס׳איז אַפילו אין כּעס געוואָרן אויך, נאָר גראד איז צו דעם צוגעפלויגן דאָס דריידל, און זיי זײַנען אַוועק טאַנצן, דאָס דריידל האָט געזשוזשעט, און דאָס לעפּעלע געקלונגען... אַפילו חנה׳לעס שיכעלע, וואָס איז ביז איצט געלעגן אונטער דער קאַנאַפּע, האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן, אַרויסגעפּאָרן און אַ שעפּטשע געטאָן דעם בעזימל:

- איך האָב דיך אַזוי ליב, בעזימל...

דאָס בעזימל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ זיפץ געטאָן. עס האָט זעהר ליב געהאַט, אַז מ׳זאָל דאָס ליב האָבן.

ס׳איז דאָך תּמיד געווען אַזאַ שטילס, אַזאַ בנעימות׳דיג בעזימל און זיך קײנמאָל ניט גרויס געהאַלטן, ווי ס׳פּלעגט אַ מאָל טרעפן מיט די איבעריגע. למשל, יענטע חיה, אָדער טײַבעלע און שיינדעלע, — אָט די דאָזיגע שעהנע ליאַלקעס, האָבן זעהר האָלד געהאַט אָפּלאַכן פון יעדן איינציגן: דער פּאַיאַץ הינקט, יויזעלע האָט א לאַנגע נאָניע, בײַם דאָקטאָר זײַנען די האָר אויסגעקראָכן, דער ציגײַנער איז שוואַרץ, ווי אַ קוימענקערער. מער פאַר אַלץ האָבן זיי חוזק געמאַכט פון יעקעלען.

— ער איז אַביסל גראָבליך,—זאָגט שיינדעלע.

— און חוץ דעם, ווען איר זאָלט וויסן קינדער ס׳אַראַ באַרימער דאָס איז,—האָט טייבעלע צוגעבאָמקעט.

אָפּגעטאַנצט, האָט זיך דער עולם אויסגעזעצט אַרום טיש, און

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רעכטע סעודה. דער מאָלצייט איז געווען, ווי אויף אַזאַ שמחה דאַרף זיין, כאָטש מ׳קאָן ניט זאָגן, אַז אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַט. דער בער האָט, על פי טעות, שיער ניט אויפגעגעסן דאָס העזעלע אַנשטאָט אַ קאָטלעט. דאָס דריידל האָט זיך שיער ניט צע׳הרג׳עט מיט, ציגיינער איבערן לעפעלע,—דער ציגיינער האָט עס געוואָלט צו׳גנב׳ענען און ער האָט דאָס שוין געהאַט ביי זיך אין קעשענע. יוזעלע, אַן אַלטער שלאַק, האָט שוין באַוויזן צו צעווערטלען זיך מיטן ווייב יענטע-חיה און צעקריגט האָט ער זיך איבער אַ נאַרישקייט.

— יענטע-חיה׳לע, נעמט אייך ניט צום האַרצן— האָט געטענה׳ט דער דאָקטאָר קאַרל,—איר ווייסט דאָך, אַז יוזל איז גאָרניט אַזאַ שלעכטער... אפשר טוט אייך וועה דאָס קעפּעלע? איך האָב גראָד מיט זיך אַ גערעאָטענעם פּראָשעק

— לאָזט זי בעסער צורוה, דאָקטאָר — זאָגט יוזעלע, אַזאַ שלאַק, אַזאַ צרה, ווי מיין יענטע-חיה׳לע, האָב איך נאָך ניט געזעהן... און דאָך האָב איך זי זעהר ליב. קום אַהער, יענטע-חיה׳לע, וועל איך דיר געבן אַ קוש...

— הוראַ!—שרייט יעקעלע.—אָט אַזוי האָב איך אייך ליב, אָנקוקן קאָן איך ניט, אַז מענשן קריגן זיך. אָט, גיט אַ קוק.

נאָר דאָ איז געשעהן עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער האָט זיך גאָרניט גע-ריכט, אַזאַ שרעקליכער סקאַנדאַל, וואָס איך האָב אַזש מורא צו דערצעהלן.

דאָס פּייקעלע האָט געפּויקט:—טראַטאַ טאַ-טאַ-טאַ!
די טראָמבעס האָבן געשפּילט:

- טרו-טו-טרו-טו-רו-רו-רו!

דער פּאַיאַץ האָט געקלאַפּט מיט די טאַצן, דאָס לעפעלע האָט געקלונגען און געלאַכט אויפן זילבערנעם קול׳כל, דאָס דריידל האָט גע-זשומעט, און דאָס העזעלע איז גאָר אַרויס פון די כלים און געשריען:

– באָ=באָ=באָ!...

דאָס פּאָרצעלייענע הינטעלע האָט געהאַווקעט, דאָס גומענע קעצעלע האָט אַזוי שעהן געמיאַקעט, און בּערל האָט גע=טאַנצט, דער דיק האָט אַזש געציטערט. פרעהליכער פּאַר אַלעמען איז געווען גאָר דאָס ווייסע ציגעלע. איינמאָל, האָט דאָס געטאַנצט, בּעסער פּאַר אַלעמען. און דערצו נאָך האָט דאָס אַזוי קאָמיש געטרייסעלט מיטן ציגן=בּערדל און געמעקעט-ממע-קע=קע! טאַקע נאָר צום לאַכן.

.III

וואַרט זשע, ווי אַזוי זשע איז דאָס געשעהן? ס׳איז זעהר שווער צו דערצעהלן די מעשה אַקוראַט. וואָרום פון דער גאַנצער מעשה, פונם אָנהויב בּיזן סוף, האָט בּלויז געוואוסט חנה׳לעס שיכעלע. עס איז געווען קליגער פּאַר אַלעמען און איז בּאַלד ארונטער אונטער דער קאַנאַפּע און האָט זיך דאָרט בּאַהאַלטן.

איז די מעשה אַזוי געווען. די ערשטע זיינען געקומען די בּייכיגע קעצעלאַך צוא ווינשעווען יעקעלען... ניין, ניט אַזוי, אָנגעהויבּן האָט זיך דאָס פון עפּעס אַנדערש. די קלעצעלאַך זייַנען טאַקע געקומען, אָבּער שולדיג אין דעם אַלעמען איז געווען די שוואַרצאויגיגע שיינדעלע. יאָ=יאָ—טאַקע זי אַליין!.. אָט די שעהנינקע ליאַלקע האָט נאָך סוף מאָל=צייַט איינגערוימט טייבּעלען אין אויערל:

– זאָג, ווי מיינסטו, טייַבּעלע, ווער איז דאָ דער שענסטער?

דוכט זיך, וואָס? האָט זיך אבער יענטע־חיה געפונען פון וואָס צו בּאַליידיגן זיך און האָט אויסגעשאָסן:

— איר מיינט אַוודאי, אַז מיין יויזעלע איז א פּאַרזעהעניש!

— קיינער מיינט דאָס, חלילה, ניט, און איר, יענטע-חיה׳לע, האָט זיך ניט וואָס צו בּאַליידיגן,-האָט זיך שיינדעלע געפּרובּט פאַרענטפערן, נאָר ס׳איז שוין געווען שפּעט.

- מ׳קאָן ניט לייקענען, די נאָז זייַנע איז אַביסל צו לאַנג,- האָט יענטע-חיה׳לע גערעדט.-אָבער זעהן זעהט מען דאָס, נאָר אַז מ׳קוקט אויף אים פון אַ זייט... חוץ דעם, האָט ער אַ מאָדנע טבע צו קוויטשען און מיט יעדן הרג׳ענען זיך, פונדעסטוועגן איז ער זעהר אַ גוטער און שׂכל...

די ליאַקעס האָבן זיך אַזוי צעאַמפּערט, אַז אַלע האָבן זיך ניט ווילענדיג אויף אַרייַנגעמישׁט. דער ערשטער איז, געוועהנליך, געווען יויזעלע און ער האָט זיך צעקוויטשעט:

וואָס, יענטע-חיה׳לע, בין איך דען ניט דער סאַמע שענסטער?

דאָ האָבן זיך שוין אַלע מאַנסבלען באַליידיגט. נו זאָגט אַליין, האָט איר אַמאָל געזעהן אַזאַ באַרימער, ווי אונזער יויזעלע! ס׳שלאָגט צום האַרצן. דער פּאַיאַץ האָט בטבע ניט געקאנט רעדן, האָט ער זיך באַליידיגט שטילערהייד, דערפאַר האָט דער דאָקטאָר קאַרל געאַרבעט אויף אַלע כלים:

— הייסט עס, אַז מיר אַלע זיינען מיאוסקייטן? מזל טוב...

און מיטאַמאָל איז געוואָרן אַזאַ טומל, דער ציגיינער האָט געשריען אויף זיין לשון, בערל האָט געמעוועט, דער וואָלף האָט געוואיעט, דאָס ווייסע ציגעלע האָט געמעקעט, דאָס דריידל האָט געזשומעט, — אַ כלל אַלע האָבן זיך באַליידיגט אויף טויט.

-- קינדער, שטילער, האָט זיך יעקעלע געבעטן.—וואָס הערט איר זיך צו צו יויזעלען.—איר קענט ניט זיינע שטיק. פאָלגט מיך, ער טרייבט קאַטאָוועס.

קיינער האָט אים אָבער ניט געהערט. מער פאַר אַלעמען האָט געטומעלט דער דאָקטאָר קאַרל. ער האָט אַפילו געקלאַפּט אין טיש און געשריען:

— אַ פייַנער כיבוד. . ניטאָ וואָס צו זאָגן. מ׳האָט אונז פאַרבעטן, כדי מ׳זאָל אונז אויסוואַרפן מיאוסקייַטן... פע...

— מייַנע ליבע געסט!—האָט יעקעלע געפרובט אַלעמען איבער-שרייַען. — אויב שוין יאָ אַזוי, וועל איך אייַך זאָגן דעם אמת, ווער פון

אונז אַלעמען איז דער מיאוס׳טער׳—דאָס בין איך אַליין. נו, אַן עק, זײַט איר שוין צופרידן?

און נאָכדעם— יאָ, ווי אַזוי איז דאָס געשעהן? יאָ, יאָ, די מעשה איז אַזוי געוועזן. דער דאָקטאָר קאַרל איז געוואָרן אויסער זיך און איז צו צו יויזעלען און אים אָנגעהויבן סטראַשען מיטן פינגער:

— ווען איך זאָל ניט זיין דער געבילדעטער מענש און בכלל וויסן, ווי אַזוי צו באַגעהן זיך צווישן לייטן, וואָלט איך אייך, יויזעלע געזאָגט דעם אמת, אַז איר זייט אַ גרויסער נאַר...

יעקעלע האָט גאַנץ גוט געקענט יויזעלען, ס׳אַראַ כעסן דאָס איז, האָט ער זיי געוואָלט צונעמען, נאָר ניט ווילענדיג האָט ער פאַרטשעפּעט יויזעלען פאַר דער לאַנגער נאָז. יויזעלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז געטאַן האָט דאָס גאָר דער דאָקטאָר... און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אמת׳ע חתונה! יוזיעלע האָט אָנגעהויבן שלאָגן דעם דאָקטאָר, דער ציגיַינער האָט גלאַט גענומען קלאַפּן דעם פּאַיאַץ, בערל האָט זיך צערעוועט און זיך אַ לאָז געטון צום וואָלף. דאָס דריידל איז באַפּאַלן און געבוצקעט דאָס ווייסע ציגעלע, אַ כלל ס׳איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל! די ליאַלקעס האָבן געקוויטשעט איף זייערע דינע קול׳כלאַך, און זיינען אַלע דריי מיט אַמאָל געפאַלן חל׳שות.

— אוי, ס׳איז מיר ניט גוט! האָט יענטע-חיהלע געשריען, אַראָפּ-פאַלענדיג פון דער קאַנאַפּקע.

— פע, וואָס טוט זיך דאָ? האָט יעקעלע געוואַלדעוועט,—איך בין דאָך עפּעס אַ בעל שמחה. פע, קינדער, איך האָב זיך ניט געריכט.

דאָ איז געוואָרן אַ אמת געשלעג, אַזוי, אַז ס׳איז שווער געוועזן צו דערגעהן, ווער וועמען ס׳האָט געשלאָגן. אומזיסט האָט זיך יעקעלע געפּרובט אַרײַנמישן אין צענעמען דעם עולם. אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס דערמיט, וואס ער האָט אַליין אָנגעהויבן צו שלאָגן און צו הרג׳ע-

נען, אַז ס׳איז אַזש געגאַנגען אַרויך, און אַזוי ווי ער איז געווען געזונטער פאַר אַלעמען, האָבן זיך די געסט ניט גענאַרט פון זײַנע קולאַקעס.

— געוואַלד! געוואַלד! אָי געוואַלד!—האָט יויזעלע געשריגן מער פאַר אַלעמען און זיך געסטאַרעט צו טרעפן דעם דאָקטאָר אין די ציין,- געוואַלד, מ׳האָט מיך גע׳הר׳געט!

גערעַטעוועט האָט זיך בלויז חנה׳לעס שיכעלע, וואָס האָט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן אונטער דער קאַנאַפּע.

פון גרויס שרעק האָט דאָס צוגעמאַכט די אויגן, דערווײַל איז דאָס העזעלע אַריין צום שיכעלע זיך אויסבאַהאַלטן.

— וואוהין קריכסטו דאָס?—האָט דאָס שיכעלע אַ ברום געטאן.

— שווייג בעסער, מ׳קאן אונז, חלילה, נאָך דערהערן, און מיר׳ן ביידע כאַפּן אַ חלק,—האָט דאָס העזעלע זיך אָנגערופן, אַרויסקוקענדיג מיט איין קאָסאָקע אייגל פון לעכעלע אויפן שוכס שפּיץ נאָז. אַך, ס׳אַראַ גזלן דער יויזל איז דאָס!.. אַלעמען שלאָגט ער, און אַליין געוואַלדעוועט ער און שרײַט, מ׳זאָל באַהיט ווערן! שוין איינמאָל אַ גאַסט, למאַי זאָל מען זאָגן. און איך בין קוים מיטן לעבן אַרויס פון רב װעלוועלס ציין. אַך! אַ גרויל, אַ גרויל, וואָס ס׳טוט זיך דאָרט. און אָט פליהט שוין דאָס קאַטשקעלע מיט די פיסעלאַך אויף אַרויף, נעבעך גע׳הרג׳עט... גזלנים!...

— אַך, ס׳אַראַ נאַרעלע דו ביסט, העזעלע! אלע ליאַלקעס זיינען געפאַלן חלשות, איז ליגט דאָס קאַטשקעלע,מסתמא, אויך מיט זיי—פאַר־שטעהסט ניט?

דער עולם האָט זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז יעקעלען האָט עס דערעסן צוצוזעהן, און ער האָט געכאַפּט אַ שטעקן און זיי אַלעמען דורכגעיאָגט, חוץ די ליאַלקעס יענטע־חיה׳לען איז שוין לאַנג נמאס געוואָרן צו ליגן אין חלשות, און האָט פריהער אויפגעעפענט איין אייגל און אַ פרעג געטאן:

— אָי, קינדערלאַך, וואו בין איך דאָס? דאָקטאָר, וואָס איז דאָס מיט מיר?

קיינער האָט איר אָבער ניט געענטפערט און יענטע חיה׳לע האָט אויפגעעפענט דאָס אַנדערע אייגל אויך. אין שטוב איז שוין קיינער ניט געווען. איין יעקעלע איז געשטאַנען אין מיטן שטוב און זיך געוואונ-דערט, וואָס ס׳איז דאָ געשעהן. שיינדעלע און טייבעלע זיינען שוין אויך געקומען צו זיך, און האָבן זיך אויך גע׳חידוש׳ט.

— עפּעס האָט דאָ געמוזט געשעהן אַ גרויל, — זאָגט טייבעלע. — שוין איינמאָל אַ יעקעלע, למאי זאָל מען זאָגן.

די ליאַלקעס זיינען ביידע אָנגעפאַלן אויף יעקעלען, וואָס האָט נעבעך ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. עפּעס האָט ער פון עמיצן געכאַפּט קלעפּ, און יענער פון אים האָט זיך אויך ניט געגאַרט, נאָר פאַר וואָס, פאַר ווען, — ווייסט ער ניט.

— באמת, איך ווייס ניט, וואָס צו זאָגן, — זאָגט יעקעלע, מאַכענדיג מיט די הענט. — גלויבט מיר, איך האָב זיי אַלעמען ליב... טאַקע אַלע-מען... אַזאַ פאַרדראָס!...

— און מיר ווייסן, ווער ס׳איז שולדיג, — רופן זיך אָן פון אונטער דער קאַנאַפּע דאָס שיכעלע מיטן העזעלע. — מיר האָבן אַלץ געזעהן!

— אַ, דאָס זייט איר שולדיג! — איז יענטע-חיה׳לע אָנגעפאַלן אויף זיי. — אוודאי איר!... אַליין פאַרקאָכט אַ קאַשע, און זיך באַהאַלטן. מ׳קען אייך!...

— טאַקע זיי זיינען שולדיג — יאָ, יאָ! — האָבן טייבעלע מיט שיינדע-לען געשריען.

— אַ-אַ, אַזוי גאָר די מעשה! — האָט זיך יעקעלע דערפרעהט. — אַרויס פון דאַנעט... איר קומט אַהער מאַכן סקאַנדאַלן... אַרויס!

דאָס שיכעלע מיטן העזעלע זיינען קוים מיט צרות אַרויסגעשפרונ-גען דורכן פענסטערל.

— איכ׳ל אייך... — האָט יענטע-חיה׳לע זיי געסטראַשעט מיט די קולאַקעס. — אַך, קינדערלאַך, ס׳אַראַ שלעכטע מענשן ס׳זיינען פאַראַן, מ׳זאָל באַהיט ווערן. נו, קאַטשקעלע, אפשר ניט אַזוי?

— אוודאי אַזוי... — האָט דאָס קאַטשקעלע צוגעשטימט. — איך האָב אַליין געזעהן, ווי זיי האָבן זיך דאָ באַהאַלטן אונטער דער קאַנאַפּע.

דאָס קאַטשקעלע האָט מיט אַלעמען געלעבט בשלום און זיך גע-סטאַרעט אַלעמען צופרידן צושטעלן.

— מ׳דאַרף צוריק פאַרבעטן דעם עולם...— האָט טײַבעלע געזאָגט.

— מיר וועלן נאָך אַ ביסל פאַרברענגען...

די געסט האָבן זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. ווער מיט אַ צע׳הרג׳עטער נאָז, ווער מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן, ווער מיט אַ צעבראָכן פיסל; מער פאַר אַלעמען האָט נעבעך געליטן יויזעלעס לאַנגע נאָז.

— שעהנע חברה-לײַט!—האָבן אַלע אין איין קול געזידעלט העזעלען און דאָס שיכעלע.— ווער האָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן אויף זיי?

— אַך, ווי מיד איך בין! די הענט האָב איך מיר צע׳הרג׳עט שלאָגענ-דיג—האָט זיך יעקעלע געקלאגט.— א, וואָס דאַרף מען דאָס דערמאָנען, וואָס ס׳איז געווען.. פאַרפאַלן... איצט, כלי-זמר, געשפילט זאָל ווערן... לעבעדיג, קינדער, פרעהליך!

און דאָס פייקעלע פויקט: טראַ-טאַ-טאַ! טראַ-טאַ-טאַ! און די טראָמ-בעס שפּילן: טרו-טו-טו! טרו-טו-טו! און יויזעלע איז גאָר אַרויס פון די כלים און שרײַט:

— לעבעדיגער, האָפּײַ—אוראַ, יעקעלע, אוראַ!



# א מעשה פֿון דער לעצטער פֿליג,
# ווי זי האט געלעבט און וואס ס'האט
# מיט איר פּאסירט.

## א.

אַך, ווי פרעהליך ס'איז זומער-לעבּ! אַך, ווי גוט! ס'איז עס אַפילו שווער אויסצודערצעהלן... און וויפיל פליגן... — אין די טויזענטער פליהען אַרום, זשומען, פרעהען זיך... ווי נאָר דאָס פליגעלע איז געבּוירן געוואָרן, האָט עס גלייך צורעכט געמאַכט די פליגעלאַך, און ס'איז דעם פרעהליך געוואָרן אויפן הערצל, אַזוי פרעהליך, אַז ס'איז פּשוט שווער צו דערצעהלן. נו, זאָגט אַליין, קאָן דען זיין בעסערס און שענערס, ווי אַלע פריהמאָרגן עפענט מען אויף אַלע טיר און פענסטער—און פליה דורך וואָס פאַר אַ פענסטער דו ווילסט.

— ס'אַראַ גוטער ער איז דער מענש! — האָט זיך דאָס קליינע פליגעלע געוואונדערט, פליהענדיג פון פענסטער צו פענסטער—דאָס האָט ער פון אונזערט וועגן געמאַכט די פענסטער. און עפענען עפענט מען זיי אויך פון אונזערט וועגן. זעהר פיין, און, דער עיקר, פרעהליך!

אַ מאָל טויזענט איז דאָס פליגעלע אַרויסגעפלויגן אין גאָרטן אַרויס, זיך געזעצט אויפן גרינעם גראָז, זיך געקוויקט מיטן געשמאַקן בּזויען-מאַי,[1] מיט די פריש-גרינע בּלעטער פון לינדנבּוים[2] און מיט די בּלימעלאַך אויף די בּייטן. דער אומבּאַקאַנטער גערטנער האָט נאָך פריהער געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלץ זאָל זיין צוגעגרייט פאַר דעם קליינעם פליגעלע. ס'אַראַ גוטער ער איז, דער גערטנער!... איידער דאָס פליגעלע איז נאָך געבּוירן געוואָרן, האָט ער שוין בּאַוויזן צוצוגרייטן אַלץ, אָבּער גאָר אַלצדינג, וואָס דאָס פליגעלע דאַרף האָבּן. און נאָך מער חידוש,

[1] Сирень
[2] Липа

ער אַליין קאַן גאָר ניט פליהען, און געהן געהט ער אויך עפּעס מאָדנע, קוים ער פּלאַנטעט מיט די פיס,—עפּעס וויגט ער זיך אַהין און אַהער און בורטשעט עפּעס,—מ׳זאָל דאָס אַ וואָרט פאַרשטעהן!

— פון וואַנעט האָבן זיך דאָס גענומען אָט די זלידנעס, די פליגן?— האָט דער גוטער גערטנער געבורטשעט.

דער אַלטיטשקער האָט, מסתמא, מקנא געווען דעם פליגעלע, וואָרום ער האט בלויז געקאָנט צעגראָבן די בייטן, פלאַנצן בלומען און זיי באַגיסן, און פליהען—אַ האָרעלע אויך ניט! דאָס קליינע פליגעלע האָט זיך אומישנע געדרעהט אַרום זיין רויטער נאָז און זיך אים איינגעגעסן אין יעדער אבר.

און בכלל זיינען די מענשן זעהר וואוילע, אַז אומעטום סטאַרען זיי זיך צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן, און טאַקע נאָר פון די פליגענס וועגן. אָט, למשל, האָט חנה׳לע היינט אינדערפריה געטרונקען מילך, פאַרביסן מיט אַ בולקעלע און דערצו נאָך אויסגעבעטן ביי דער מומע גאָלדען נאָך אַ שטיקעלע צוקער.—און דאָס אַלץ האָט זי געטאָן פון די פליגענס וועגן, איבערצולאָזן פון זייערט וועגן אַ פּאָר-טראָפּעלאַך מילך, און, דער עיקר, ברויזעלאַך בולקע און צוקער. נו, זאָגט אַליין, וואָס קאָן נאָך זיין געשמאַקער פון אָט די דאָזיגע ברעקלאַך, און דערצו נאָך, נאָכדעם, ווי דו פליהסט זיך אָן אַ גאַנצן פריהמאָרגן און דאָס האַרץ חלש׳ט פאַר הונגער?.. און נעמט, למשל, די קעכין זלאַטקע, זי איז נאָך טויזענט מאָל בעסער פאַר חנה׳לען. אַלע פריהמאָרגן געהט זי אין מאַרק אַריין און ברענגט פון דאָרט ממש פון כל-טוב: פלייש, אַ מאָל פיש, סמעטענע, פּוטער,—און דאָס אַלץ ברענגט זי פון די פליגענס וועגן. נו, זאָגט אַליין, האָט איר נאָך געזעהן אַזאַ גוטן מענשן, ווי אָט די זלאַטקע? זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס די פליגן האָבן ליב. כאָטש זי אַליין האָט, פּונקט ווי דער גערטנער, אויך ניט געקאָנט פליהען. ס׳מאַכט ניט אויס. זעהר אַ גוט, זעהר אַ וואויל מיידל, אָט די זלאַטקע!

און די מומע גאָלדע?—אָ, דאָס איז טאַקע באמת אַ זעלטענע פרוי! זי איז, זאָג איך אייַך, באַשאַפן געוואָרן בלויז פון די פליגענס וועגן.. אַלע פריהמאָרגן עפענט זי אַליין אויף אַלע פענסטער, די פליגן זאָלן קאָנען אַרויספליהען אין דרויסן אַרויס, און אַז ס׳האָט גערעגענט, אָדער ס׳איז געווען קאַלט, פלעגט זי זיי צומאַכן, די פליגן זאָלן, חלילה, ניט פאַרנעצן די פליגעלאַך און זיך ניט פאַרקילן. דערנאָך האָט זיך די מומע גאָלדע דערוואוסט, אַז די פליגן האָבן זעהר ליב צוקער און יאַגעדעס, און זי האָט זיך גלייַך גענומען אַלע טאָג פרעגלען יאַגעדעס מיט צוקער.

די פליגן האָבן זיך, געוועהנליך, באַלד אָנגעשטויסן, אַז דאָס טוט זי פון זייערט וועגן, זיי זייַנען אויף אַזוי פיל געווען גערירט פון איר גוטסקייַט, אַז זיי האָבן גלייַך גענומען קריכן אין דער פאַן מיט אייַנגע-מאַכטס. חנה׳לע האָט אויך זעהר ליב געהאַט אייַנגעמאַכטס, אָבער די



מומע גאָלדע האָט איר נאָר געגעבן אַ צוויי לעפעלאַך צו פאַרזוכן, ניט וועלנדיג קריוודען די פליגן. און אַזוי ווי די פליגן האָבן פאַר איין מאָל ניט געקאָנט אויפעסן דאָס גאַנצע אייַנגעמאַכטס, האָט די מומע גאָלדע

אַרײַנגעטאָן דאָס אײַנגעמאַכטס אין גלעזערנע סלאָיעקלאַך (כדי די מײַז זאָלן עס חלילה ניט צורעכט מאַכן) און פלעגט נאָכדעם אַלע טאָג, בײַם טיי טרינקען, מכבד זיין די פליגן.

— אַך, ס'אַראַ גוטע און וואוילע מענשן! — האָט זיך דאָס קליינע פליגעלע געוואונדערט, פליהענדיג פון איין פענסטער צום צווייטן, — און אפשר איז דאָס גאָר אַ מעלה, וואָס מענשן קאָנען ניט פליהען. זיי וואָלטן דעמאָלט געוואָרן גרויסע, מורא'דיגע פליגן, געוואַלדיגע פרעסערס, וואָלטן אַלץ אויפגעפרעסן, און פאַר די אמת'ע פליגן וואָלט גאָרניט ניט געבליבן... ווי גוט, ווי וואויל ס'איז צו לעבן אויף דער וועלט!

— נו, די מעשה איז נאָך ניט אַזוי, ווי דו מיינסט; מענשן זײַנען גאָר ניט אַזוי גוט, — האָט זיך אָנגערופן די אַלטיטשקע פליג, וואָס האָט שטענדיג ליב געהאַט אַ ביסל אונטערצובורטשען, — דאָס ווײַזט זיך דיר נאָר אויס... זאָג מיר, און דעם מענשן, וואָס מ'רופט אים „פאַפאַ“, האָסטו אַ מאָל געזעהן?



— יאָ, יאָ... עפּעס אַ מאָדנער מענש. איר זייט טאַקע גערעכט, מײַן ליבע גוטע אַלטישקע פליג... און צו וואָס רויכערט ער דאָס אַזוי

אָפּט זײַן פּיפּקע. װען ער װײסט װאױל, אַז איך קאָן ניט פּאַרטראָגן דעם רױך? מיר דוכט, אַז ער טוט עס מיר אויף צו להכעיס. הײַנט, האָב איך אים נאָך קײן מאָל ניט געזעהן, ער זאָל עפּעס טון פון אונזערט װעגן, איך האָב אַמאָל געפּרובט פּאַרזוכן די טינט פון זײַן טינטער, װאָס ער האַלט פון אים אין אײן שרײַבן, און איך בין שיער ניט געשטאָרבן. ס׳איז טאַקע אַ געװאַלד! איך האָב מיט מײנע אײגענע אױגן געזעהן, װי אין דעם דאָזיגן טינטער זײנען דערטרונקען געװאָרן צװײ פליגן, אַזעלכע פײַנינקע, נאָר ניט געניטע פליגעלאַך. און ס׳איז געװען אַ גרױל, זאָג איך אײך, צוצוזעהן, װי ער האָט אײנע פון זײ אַרױסגעשלעפּט מיט דער פּען און געמאַכט אױפן פּאַפּיר אַ מורא׳דיגן קלעק... און גלױבט מיר, ער האָט נאָך געהאַט די העזה אױס צוזאָגן זײַן גאַנץ ביטער האַרץ צו אונז, צו די פליגן... נו, זאָגט אַלײן, איז דאָס אַ יושר?



—איך מײן, אַז דער דאָזיגער „פּאַפּאַ“ װײסט גאָר אינגאַנצן ניט, װאָס עס הײסט אַזױנס יושר, כאָטש ער האָט אױך אַ גרױסע מעלה, — האָט די אַלטישקע געניטע פליג געענטפערט,—ער טרינקט ביר. דאָס זעהט איר, איז שױן גאָרניט קײַן שלעכטע זאַך. דעם אמת זאָגן, איך אַלײן האָב אױך ליב כאַפּן אַ טרונק ביר, כאָטש דער קאָפּ פּאַרדרעהט זיך מיר אַ ביסל... װאָס זאָל מען טון, ס׳איז אַ שלעכטע געװעהנשאַפט.

— איך האָב אױך ליב ביר, — האָט זיך דאָס קלײנע פליגעלע מודה געװען, און איז אַפילו אַ ביסל רױט געװאָרן. — איך װעל נאָכדעם אַזױ

פרעהליך, אַזוי פרעהליך, כאָטש אויפן אַנדערן טאָג טוט אַ ביסל וועה דער קאָפּ. און ס׳קאָן זײַן, אַז דער „פּאַפּאַ״ טוט דערפאַר גאָרניט ניט פאַר די פליגן, ווײַל ער אַליין האַלט עפּעס ניט פון אײַנגעמאַכטס און דעם צוקער טוט ער אויך אַרײַן אין דער טיי אַרײַן. איך מיין, אַז פון



אַ מענשן, וואָס עסט ניט קײַן אײַנגעמאַכטס, ווע‍סטו בכלל קײַן גוטס ניט זעהן. ער קאָן בלויז רויכערן זײַן פּיפּקע.

די פליגן האָבן בכלל גאַנץ גוט געקענט אַלע מענשן, כאָטש זיי האָבן איטליכן אָפּגעשאַצט לויט זייער השגה נאָך.

ב.

דער זומער איז געווען אַ הייסער, און פון טאָג צו טאָג האָבן זיך געמערט די מחנות פליגן. זיי פלעגן אַרײַנפאַלן אין דער מילך, קריכן אין זופּ, אין טינטער, געזשומעט, געדרעהט זיך און געקראָכן צו יעדערן. אונזער קליין פליגעלע האָט שוין באַוויזן צו ווערן אַ גרויסע געזעצטע פליג און איז שוין עטליכע מאָל שיער ניט אומגעקומען. צום ערשטן איז זי אַריין מיט די פיסלאַך אין אַ טעצעלע אײַנגעמאַכטס און איז קוים אַ לעבעדיגע אַרויס פון דאָרטן, דאָס צווייטע מאָל איז זי אַ פאַר־

שלאָפּענע אַרויף אויף אַן אָנגעצונדענעם לאָמפּ און שיער די פליגעלאַך ניט פאַרבּרענט; דאָס דריטע מאָל איז זי שיער ניט צעקוועטשט געוואָרן אין אַ שפּארונקעלע פון פענסטער-און בכלל האָבּן קיין צופאַלן ניט געפעהלט.

— ניט אויסצוהאַלטן פון די פליגן!—האָט זיך די קעכין געקלאָגט.

— עפּעס אַן אָנשיקעניש, קריכן אין יעדער אבר. ווי די זלידניעס... מ׳דאַרף זייערע פטור ווערן.

און אַפילו אונזער פליג האָט אויך געמוזט צושטימען, אַז ס׳איז שוין טאַקע צופיל פליגן, דערהויפּט אין קיך. אָוונט-צייַט פלעגן זיי באַדעקן די טעליע, ווי אַ לעבּעדיגע רירעוודיגע זיפּ.

און ווי מ׳פלעגט נאָר אַרייַנבּרענגען עפּעס עסנוואַרג, פלעגן זיך די פליגן מחנות-ווייַז אַ לאָז טון צו דעם און זיך שטיפּן, אַ געוואַלד! די בעסערע שטיקלאַך פלעגן אַרייַנפאַלן צו די געשיקטערע און שטאַרקערע, די איבּעריגע האָבּן זיך שוין געמוזט צופרידן שטעלן מיט די רעשטלאַך. זלאַטע איז געווען גערעכט. און דא איז געשעהן טאַקע אַ שרעקליכע זאַך. אינדערפריה האָט זלאַטע אינאיינעם מיטן עסנוואַרג געבּראַכט פונם מאַרק אַ פּעקעלע זעהר געשמאַקע פּאַפּירלאַך, ד. ה. זיי זייַנען געוואָרן זעהר געשמאַק, אַז מ׳האָט זיי צעלעגט אויף טעלערלאַך, באַשיט מיט זאַמד-צוקער און באַגאָסן מיט וואַרים וואַסער.

— אָט דאָס וועט זייַן דער בּעסטער כיבּוד פאַר די פליגן!—האָט די קעכין זלאַטע געזאָגט, צעשטעלענדיג די טעלערלאַך סאַמע פון אויבּן אָן.

די פליגן האָבּן זיך אָהן זלאַטען אַליין אויך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מיינט מען זיי, און האָבּן זיך לעבּעדיג און לוסטיג אַ לאָז געטאָן צו דעם נייַעם מאכל. אונזער פליג האָט זיך אויך אַ לאָז געטאָן צו איין טעלערל, אָבּער מ׳האָט זי אויפן גרעבּסטן אופן אָפּגעשטופּט.

— וואָס שטופּט איר זיך אַזוי?—האָט זי זיך באַליידיגט.—זעהט איר׳ איך בּין שוין גאר ניט אַזאַ שלעכטע, איך זאָל וועלן צונעמען בּייַ יענעם. ס׳איז זעהר ניט שעהן.

און וואָס ס׳איז נאָכדעם געשעהן, איז אַפילו שווער צו דערצעהלן. די סאַמע געזונטסטע פליגן האָבן זיך די ערשטע צוגעכאַפּט צו די פּאַפּירלאַך, און קיין אַנדערע ניט צוגעלאָזט, האָבן זיי געהאַט אַ מאוס׳ן סוף. צום אָנהויב האָבן זיי אַרומגעבלאָנזשעט, ווי שיכור׳ע, און נאָכדעם זײַנען זיי גאָר אַנידערגעפאַלן. גאַנץ פריה האָט זלאַטע צונויפגענומען אַ גרויסן טעלער טויטע פליגן. לעבן זיינען געבליבן די קליגערע און צווישן זיי — אונזער פליג אויך.

— מער ווילן מיר קיין פּאַפּירלאַך ניט! - האָבן אַלע געפּישטשעט. — מ׳דאַרף נישט...

מאָרגן ווידער די אייגענע מעשה. פון די קליגערע פליגן זיינען געבליבן גאַנץ בלויז די סאַמע אָפּגעהיטע, אָבער זלאַטע האָט געהאַלטן, אַז אַפילו סאַמע אָפּגעהיטע פליגן איז אויך דאָ צופיל.

— אַז מ׳קאָן פון זיי ניט אויסהאַלטן... - האָט זי זיך געקלאָגט.

דעמאָלט האָט דער „פּאַפּא״ געבראַכט צוטראָגן דריי וואונדערשעהנע גלעזערנע קאָלפּעקעס, האָט אַהין אַרײַנגעגאָסן ביר און זיי אַנידערגעשטעלט אויף טעלערלאַך... דאָ זיינען שוין אַרײַנגעפאַלן אַפילו די סאַמע קליגסטע אויך. געה ווייס, אַז די דאָזיגע קאָלפּעקעס זיינען פּשוט׳ע פליגן-כאַפּערס. די פליגן האָט שטאַרק פאַרשמעקט דאָס ביר, זיינען זיי אַרײַן אין קאָלפּעק אַרײַן און דאָרט אומגעקומען, פון דאָרטן האָבן זיי שוין ניט געקאָנט אַרויס.

— איצט איז גוט... — האָט זלאַטע געזאָגט. לאָזט זיך אויס, אַז אַזאַ שלעכטס, ווי אָט די זלאַטע איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. זי האָט גאָר קיין האַרץ ניט און קוועלט אָן פון יענעמס אומגליק.

— נו, זאָגט אַליין, וואָס איז זיך דאָ דאָ צו פרעהען? ווען מענשן וואָלטן געהאַט פונקט אַזוינע פליגל, ווי פליגן, און מ׳וואָלט פאַר זיי אַוועקשטעלן פונקט אַזעלכע קאָלפּעקעס, די גרויס ווי אַ הויז, וואָלטן זיי דאָך פונקט אַזוי ווי די פליגן אויך אַהין געקראָכן און שוין ניט

אַרויס פון דאָרטן... אונזער פליג׳ אָנגעלערנט פון די אַלע צרות, וואָס זי איז נעבעך אויסגעשטאַנען, האָט גאָר אויפגעהערט צו גלויבן מענשן. תחלת זעהען זיי אויס צו זיין זעהר גוטע, אָבער אין אמת׳ן, האָבן זיי נאָר איין אַרבעט אָפּצונאַרן די צוגעלאָזטע פליגן נעבעך. דעם אמת געזאָגט, איז עס דאָס סאַמע שלעכטסטע און פאַרדאָרבענסטע באַשעפעניש אויף דער גאָרער וועלט!..

פון אָט די אַלע פליגן-כאַפּערס איז שוין פליגן געוואָרן גאָר ווייניג, דערצו נאָך איז צוגעקומען אַ נייער אומגליק. דער זומער איז אַוועק, מ׳אָט אָנגעהויבן רעגענען, ס׳האָבן געגומען בלאָזן קאַלטע ווינטן, און, בכלל, ס׳איז געוואָרן אַ שרעקליכער דרויסן.

— איז שוין טאַקע דער זומער אויס? — האָבן זיך גע׳חדוש׳ט די פליגן, וואָס זיינען געבליבן לעבן, — זאָגט מיר, ווען זשע האָט ער דאָס באַוויזן אזוי גיך אַוועק, דער זומער? דאָס איז זעהר ניט פיין פון זיין זייט - מ׳האָט נאָך ניט באַוויזן אַרומצוקוקן זיך, איז נאַ דיר שוין האַרבסט.

דאָס איז שוין געווען אַ סך ערגער איידער די פאַר׳סמ׳טע פאַפּיר-לאַך און די גלעזערנע פליגן-כאַפּערס. פון די שלעכטע דרויסענס האָט מען זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן בלויז ביי דעם ערגסטן שונא, ד. ה. ביי דעם מענשן. איצט האָט מען שוין די פענסטער אויך ניט געעפענט, זעלטן ווען מ׳האָט געעפענט אויף אַ פּאָר מינוט אַ לופטל. און אַפילו די זון האָט אויך, ווייזט אויס, געשיינט בלויז אָפּצונאַרן די צוגעלאָזטע שטוב-פליגן. ווי געפעלט אייך, למשל, אַזאַ מין בילד? אינדערפריה. די זון קוקט אַזוי פרעהליך אַריין אין די פענסטער, ווי זי וואָלט פאַר-בעטן אַלע פליגן אין סאָד אַריין. מ׳קאָן מיינען, אַז דער זומער האָט זיך אומגעקערט צוריק... און וואָס מיינט איר, — די פליגן מיינען דאָס ערנסט און פליהען אַרויס דורכן לופטל, אָבער די זון שיינט און וואַ-רימען וואַרימט זי נישט. זיי פליהען צוריק, — דאָס לופטל איז פאַרמאַכט,

אַ סך פליגן זייַנען אומגעקומען איבער דעם אין די קאַלטע האַרבסט־נעכט, און דאָס אַלץ ווייַל זיי גלויבן אַלעמען.

— ניין, איך גלויב ניט, — האָט געזאָגט אונזער פליג. — איך גלויב שוין גאָר ניט... אַז די זון קאָן שוין אָפּנאַרן, איז וועמען־זשע גלויבט מען?

פאַרשטעהט זיך, אַז מיטן האַרבסט איז די פליגן ביטער געוואָרן אויפן האַרצן, און בייַ אַלעמען האָט זיך דער כאַראַקטער שטאַרק געביטן. פון דער פריהערדיגער פרעהליכקייַט איז אַפילו קייַן זכר ניט געבליבן. אַלע זייַנען זיי געווען אַזוי ברוגז, אָפּגעלאָזן, אומצופרידן. ס׳האָט דער־לאַנגט אַזוי ווייַט, אַז אייניגע האָבן אַפילו זיך אָנגעהויבן בייַסן אויך. פריהער פלעגן זיי אַזוינס קיינמאָל ניט טון.

אונזער פליג איז אויך אַזוי ווייַט קאַליע געוואָרן, אַז זי האָט זיך אַליין ניט אָנגעהויבן צו דערקענען. פריהער, אַ שטייגער, פלעגט זי שטאַרק רחמנות האָבן אויף די פליגן, וואָס זייַנען נעבעך אומגעקומען, און איצט פלעג זי טראַכטן נאָר וועגן זיך. זי האָט זיך אַפילו געשעמט אַרויסרעדן דאָס, וואָס זי האָט געטראַכט:

„זאָלן זיי אומקומען, וועט מיר מער בלייַבן".

ערשטענס, זייַנען אמת׳ע וואַרימע ווינקלען, וואו אַ לייַטישע פליג זאָל קאָנען איבערווינטערן, בכלל דאָ זעהר ווייניג, און, צווייטענס, האָבן איר די איבעריגע פליגן בכלל דערעסן, אומעטום קריכן זיי, כאַפּן אויס פון אונטער דער נאָז די סאַמע בעסטע שטיקלאַך און, בכלל, האָבן זיי זיך אויפגעפירט ניט לייַטיש. און ס׳איז שוין צייַט אָפּצורוהען זיך אויך.

די איבעריגע פליגן האָבן ווי פאַרשטאַנען אונזער פליגס שלעכטע געדאַנקען און פלעגן אויסגעהן הונדערטערווייַז. זיי זייַנען אפילו ניט געשטאָרבן, נאָר עפּעס ווי אייַנגעשלאָפן. וואָס אַ טאָג זייַנען זיי געוואָרן ווינציגער און ווינציגער, אַזוי, אַז מ׳האָט שוין לחלוטין ניט געדאַרפט האָבן די פאַפּירלאַך און ניט די גלעזערנע פליגן־כאַפּערס. אָבער אונזער

פליג איז דאָס נאָך אַלץ געווען ווייניג: זי האָט געוואָלט בלייַבן איינע אַליין. דערמאַנט זיך נאָר, ס׳אַרא גליק, — פינף שטיבער און בלויז איין און איינציגע פליג!...

ג.

און אָט איז געקומען אזאַ גליקליכער טאָג. איינמאָל אינדערפריה האָט זיך אונזער פליג אויפגעכאַפּט שוין גאַנץ שפּעט. זי האָט שוין לאַנג געפיהלט, זי איז עפּעס מיד און האָט בעסער געהאַלטן פון זיצן אויף איין אָרט בייַ זיך אין ווינקל, אונטערן אויוון. און דאָ האָט זי דערפיהלט, אַז ס׳איז געשעהן עפּעס גאָר אַ נייַס. מ׳האָט נאָר געדאַרפט צופליהען צום פענסטער, אַז אלץ זאָל מיטאַמאָל קלאָר ווערן. ס׳איז אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי... די ערד איז געווען באַדעקט מיט אַ שניידיג-ווייַסן צודעק.

— א, דאָס הייסט עס איז ווינטער!—האָט זי זיך גלייַך געכאַפּט. —ער איז אינגאַנצן אַ ווייַסער, אָט ווי א שטיקל ווייַס צוקער...

נאָכדעם האָט די פליג באַמערקט, אַז אַלע איבעריגע פליגן זייַנען גאָר ניט געבליבן, זיי האָבן נעבעך ניט געקאָנט איבערטראָגן די ערשטע קעלט און זייַנען אייַנגעשלאָפן אויפן ערשטן בעסטן אָרט. אונזער פליג וואָלט איין אן אַנדער צייַט געוויס רחמנות געהאַט אויף זיי, איצט אָבער האָט זי געטראַכט:

— גאַנץ גלייך... איצט בין איך איינע אַליין!.. קיינער וועט ניט גע- ניסן מייַן אייַנגעמאַכטס, מייַן צוקער, מייַנע ברעקלאַך... אַך, ווי גוט ס׳איז!

זי איז אַרומגעפלויגן איבער אַלע שטיבער און האָט נאָך אַ מאָל דערזעהן, אַז זי איז איינע אַליין. ווי גוט ס׳איז, וואָס אין די צימערן איז אַזוי ווארים! דער ווינטער איז דאָרטן אין דרויסן, אָבער דאָ אין שטוב איז אַזוי וואַרים, ליכטיג, היימליך, דער עיקר, אָוונט צייַט, בשעת מ׳צינדט אָן דעם לאָמפּ. מיטן ערשטן לאָמפּ, וואָס מ׳האָט אָנגעצונדן, איז

אפילו שיער ניט געשעהן אן אומגליק: אונזער פליג איז ווידער אַרויף גלייַך אויפן פייַער און איז שיער ניט פאַרבּרענט געוואָרן.

„דאָס מוז זייַן אַ ווינטערדיגער פליגן־כאַפּער", האָט זי זיך געטראַכט, און געגלעט די אָפּגעבּריהטע פליגעלאַך... ניין, מיך וועט איר ניט נאַרן... אָ, איך בּין שוין גוט אָנגעלערנט... איר ווילט פאַרבּרענען די לעצטע פליג? און איך הויבּ דאָס גאָרניט אָן צו וועלן... און די פליטע אין קיך,— ווייס איך דען ניט, אַז ס'איז אויך אַ פליגן־כאַפּער!..

די לעצטע פליג איז געווען גליקליך בּלויז די ערשטע צוויי טעג, און נאָכדעם איז איר מיטאמאָל געוואָרן אומעטיג, אַזוי אומעטיג, אַז ס'איז גאָר שווער צו דערצעהלן. געוויס איז איר געווען וואַרים, זי איז געווען זאַט, און נאָכדעם,—נאָכדעם איז איר געוואָרן אומעטיג. זי פליהט, פליהט, רוהט זיך אָפּ, עסט עפּעס אָפּ, פליהט ווידער,—און ס'ווערט נאָך אומעטיגער.

— א, ווי אומעטיג ס'איז מיר! האָט זי געפּישטשעט אויף אַ דינינק קלאָגעדיג קול'כל, פליהענדיג פון איין שטוב אין דער אַנדערער—ס'זאָל זיך כאָטש בּאַווייַזן נאָך איין פליגעלע, זאָל זייַן א וואָסער ניט איז, אַבּי אַ פליגעלע!

די לעצטע פליג האָט זיך געקלאָגט אויף איר עלענד,—קיינער האָט זי אָבּער ניט אָנגעהויבּן צו פאַרשטעהן, דאָס האָט איר, געוועהנליך, נאָך מער פאַרדראָסן, און זי פלעגט, ווי אַ צעדולטע, צושטעהן צו לייטן און זיך זיי אייַנעסן אין יעדן אבר. דעם פלעגט זי זיך אַוועקזעצן אויף דער נאָז, דעם אַנדערן—אויפן אויער, און פלוצלינג הויבּט זי גאָר אָן צו פליהען אהין און צוריק און אַזש שווינדלען פאַר די אויגן. א כלל,—ווי אַן אמת'ע משוגע'נע.

— ווי פאַרשטעהט איר ניט, אַז איך בּין עלענד, ווי אַ שטיין, און ס'איז מיר זעהר אומעטיג? — האָט זי איטליכן אַרייַנגעפּישטשעט אין אויער אַרייַן.—איר קאָנט אַפילו ניט פליהען, און דעריבּער ווייסט איר אַפילו

ניט, וואָס ס'הײַסט אַזוינס אומעט. ס'זאָל זיך כאָטש ווער פון אײַך זיך אַ ביסל שפּילן מיט מיר... אָבער ניין, ווי קומט אַזוינס צו אײַך? וואָס קאָן נאָך זײַן אומגעקומפּערטער פאַר דעם מענשן? די סאַמע מיאוס'טע בריאה, וואָס איך האָב אויף מײַן לעבן געזעהן!

די לעצטע פליג האָט דערעסן דעם הונט, דער קאַץ, אַ כלל אַלעמען. מער פאַר אלץ האָט איר פאַרדראָסן, ווען די מומע גאָלדע האָט געזאָגט:

— א, די לעצטע פליג... איך בעט אײַך, טשעפּעט זי ניט. לאָז זי איבערלעבן דעם ווינטער.

וואָס איז דאָס אַזוינס? דאָס איז שוין טאַקע אַן אמת'ע באַליידיגונג. מ'האָט זי שוין, דוכט זיך, אַפילו אויפגעהערט צו האַלטן פאַר אַ פליג. „זאָל זי איבערלעבן", זאָגט, איך בעט אײַך, ס'אַרא טובה מ'טוט מיר! און אַז ס'איז מיר אומעטיג? און ס'קאָן זײַן, אַז איך וויל גאָר אינגאַנצן ניט לעבן? אָט איך וויל נישט, - און טוט מיר עפּעס!

די לעצטע פליג איז אַזוי שטאַרק געוועזן אויפגעבראַכט אויף אַלעמען, אַז זי האָט אַליין אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר זיך. זי פליהט אַרום, זשומעט, פּישטשעט... די שפּין, וואָס איז געזעסן אין א ווינקל, האָט סוף כל סוף, רחמנות געקראָגן אויף איר און געזאָגט:

— מיין ליבע פליג, קומט צו מיר... זעהט נאָר, ס'אַרא שעהנע שפּינוועבס ס'איז בײַ מיר!

— אַ גרויסן דאַנק! אָט נאָ דיר א נייער פרײַנד זיך אָפּגעזוכט! איך ווייס, וואָס ס'הייסט אַזוינס דײַן שעהנע שפּינוועבס. געוויס, ביסטו אמאָל אויך געוועזן א מענש, און איצט האָסטו זיך פאַרשטעלט פאַר א שפּין.

— ווי איר ווילט זיך, און איך בין אײַך דער בעסטער גוטער פריינד.

— אך, ס'אַרא שלעכטער! אָט דאָס הייסט-דער בעסטער גוטער פרײַנד: אויפעסן די לעצטע פליג!..

זיי האָבן זיך גאַנץ שטאַרק צעקריגט, און דאָך איז געוועזן אומעטיג, אַזוי אומעטיג, אז ס'איז שווער צו דערצעהלן. די פליג

איז גאָר אַרויס פון די כלים, איז מיד געוואָרן און אַלעמען מודיע געווען אויף אַ קול:



— אויב שוין יאָ אַזוי, אויב איר ווילט טאַקע ניט פאַרשטעהן, ווי אומעטיג ס'איז מיר, וועל איך מיך פאַרקלייבן אין אַ ווינקל און דאָרט איבערזיצן דעם גאַנצן ווינטער... און ווייסט!.. יאָ, איך וועל דאָרט זיצן און בשום אופן ניט אַרויסגעהן..

זי האָט אַזש פון גרויס צרות אָנגעהויבן צו וויינען, דערמאַנענדיג זיך דעם פאַרגאַנגענעם פרעהליכן זומער. וויפיל פרעהליכע פליגן ס'איז דאָס געווען; און זי האָט נאָך גע-וואָלט בלייבן איינע אליין, ס'איז געווען אַ ביטערער טעות...

דער ווינטער האָט זיך געצויגן אָהן אַ סוף, און די לעצטע פליג האָט שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז דער זומער וועט זיך שוין קיינ-מאָל צוריק נוט אומקערן. זי האָט געוואָלט שטאַרבן, און שטילער-הייד האָט זי געוויינט. דאָס האָבן, געוויס, די מענשן אויסגעטראַכט דעם ווינטער, וואָרום זיי טראַכטן צו אַלצדינג צו דערגעהן די יאָר די פליגן, און ס'קאָן גאָר געמאַלט זיין, אַז די מומע גאָלדע האָט ערגעץ-וואו באַהאַלטן דעם זומער, פונקט אַזוי ווי זי באַהאַלט דעם צוקער און דעם איינגעמאַכטס.

די לעצטע פליג איז שוין גרייט געווען צו שטאַרבן פאַר צרות, דאַרף זיך טרעפן גאָר-גאָר אַ נייַס. זי איז, ווי תמיד, געזעסן אין איר ווינקעלע און געווען שטאַרק אויפגעטראָגן, פלוצים הערט זי: — זשזש-

זשזש!.. תחלת האָט זי אירע אייגענע אויערן ניט געגלויבט, געמיינט, אַז עמיצער נאַרט זי. דערנאָך... זעה נאָר, וואָס איז דאָס!.. לעבן איר איז פאַרבייגעפלויגן אַן אמת׳דיג לעבעדיג פליגעלע, נאָך זעהר אַ יונג פליגעלע, ווייזט אויס אָקאָרשט געבוירן געוואָרן, און האָט זיך געפרעהט פון גאַנצן האַרצן.



— פריהלינג הויבט זיך אָן.. פריהלינג!-האָט זי פרעהליך געזשושעט.

און ווי זיי האָבן זיך דאָס דערפרעהט איינע מיט דער אַנדערער! זיי האָבן זיך געהאַלזט, געקושט, און זיך אַפילו אַרומגעלעקט די שפיצנעז. די אַלטע פליג האָט איר די ערשטע עטליכע טעג געהאַלטן אין איין דערצעהלן, ווי שלעכט זי האָט פאַרבראַכט דעם ווינטער, ווי אומעטיג ס׳איז איר געווען איינער אַליין. דאָס יונגע פליגעלע האָט בלויז געלאַכט אויף זיין דינינק קול׳כל, ס׳האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטעהן, וואָס הייסט אַזוינס אומעטיג.

— פריהלינג, פריהלינג!.. האָט דאָס פליגעלע פרעהליך געזשומעט.

או אַז די מומע גאָלדע האָט געהייסן אַראָפּנעמען די ווינטערדיגע פענסטער, און חנה׳לע האָט אַרויסגעקוקט דורך דעם ערשטן אויפגעמאַכטן פענסטער, האָט די לעצטע פליג שוין אַלץ פאַרשטאַנען.

— איצט ווייס איך שוין אַלץ,—האָט זי געזשומעט, אַרויספליהענדיג דורכן פענסטער:—דעם זומער מאַכן מיר, פליגן...

